ה. קעניגער ● פון פיר זייטן

לידער־אַפּקלייב ● 1940 — 1984

הילע :
מרדכי ארדון

פּאָרטרעט פון מחבר :
שעיל

צייכענונג :
מאַנע קאַץ

**H. KENIGER**
**Les quatre faces**
Poèmes
Paris - 1984

דאָס בוך איז געדרוקט אין 350 עקזעמפּלאַרן,
אויף פּאַפּיר קאַרטאָפּהאַן קרעם.

Imp. IM.PO. - Paris

## געהייליקט דעם אָנדענק

פון מיין יונג־פאַרשטאָרבענעם פאָטער
און פון מיין מוטער,
ברידער און שוועסטער,
אומגעקומענע אין טרעבלינקע
מיין פעטער
אפרים־אליעזר ביאַלילעוו
אומגעקומען אין געטאָ
און די אומגעקומענע אין די
דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן
פון די על־פי נס געראַטעוועטע
משפחות:
סאַראַ בוך־יאַזווינסקאַ
מאַרישאַ און וולאַדעק רובין
גדליה ביאַלילעוו
אברהם יאַזווינסקי
און שפּאַנקאָף

ג ע ו י ד מ ע ט

מיין לעבנס־באַגלייטערין — העלען

מיינע זין — פּאָל און ראָלאַנד

# הקדמה

אויב ס'זענען בכלל אַ מאָל בנמצא געווען יידישע שרייבערס מיט שלווהדיקע, אידילישע ביאָגראַפיעס, האָט די בלוטיקע געשיכטע פון די לעצטע פופציק יאָר דעם דאָזיקן מין אין גאַנצן אָפּגעשאַפן, און זיין היפוך איז געוואָרן די נאָרמע. מען קען זיך שוין גאָר עפּעס אַנדערש נישט פאַר־שטעלן: דער לעבנסוועג פון אַ היינטיקן יידישן פּאָעט ציט זיך געווייַנטלעך, דורך פּיין און ראַנגלעניש, איבער עטלעכע לענדער, צוויי אָדער דריי קאָנטינענטן, די פאַרשיידנסטע לאַנדשאַפטן, און אויף זיין גרונט שפּרייט זיך בדרך־כלל די אימהדיקע שיין פונעם אוישוויץ־פּלאַנעט.

דער פון געבוירן וואַרשעווער און איצט פּאַריזער חיים קעניגער איז אין דעם פּרט נישט קיין אויסנעם: גלות־ראַטנפאַרבאַנד, פאַרשיקונג אין אַ סאָוויעטישן אַרבעטס־לאַגער, דאָס נאָך־מלחמהדיקע פּוילן, שוועדן, ארץ־ישראל, פראַנקרייך, אחוץ די אומצאָליקע ערטער ווו ער איז גלאַט אַזוי אַרום־און פאַרביי־געפאָרן — אומעטום איז ער געווען אין דער באַגלייטונג פון זיין ליד.

דער פאַקט אָבער וואָס דאָס דאָזיקע ליד האָט אַזוי לאַנג געוואָרט זיך צו אַנטפּלעקן, און וואָס ערשט אין רייפן עלטער גיט חיים קעניגער אַרויס אין איין געזעמל די גאַנצקייט פון זיין שאַפן — פון וואָס נאָר גע־ציילטע זאַכן זענען דערשינען אין זשורנאַלן אויף יידיש צי אין פּוילישער איבערדיכטונג — אָט דער פאַקט שטרייכט אונטער אַ פּאָעטישע אַנדערשקייט וואָס צייכנט זיך בולט אָן אויף דער קאַנווע פונעם אויבן־דערמאָנטן צד השווה. עס דאַכט זיך עפּעס ווי די יאָרצענדליקער שופלאָד־גניזה וואָלטן באַהויכט אויך די פריסטע לידער מיטן אָטעם פון אַן אומרואיקן, חשבון־הנפשדיקן האַרבסט, און עס באַקומט זיך אַ שאַפונג פון אַ זעלטענער איינהייטלעכקייט: די שפע פון איבערלעבענישן און וואַנדערונגען טוט נאָר פאַרשיידנדיק באַפאַרבן דעם פאַרבענקטן אַריינבליק אינעם כישוף־קאַליידעסקאָפּ פונעם ווערן און פונעם טאָן, אין די רעטענישן פון זיין און פאַרשווינדן, אין די אָפּגרונטן פונעם ליבן, ליידן און שאַפן.

**חיים קעניגער שרייבט, אַז ער האַלט זיך פאַר אַ דיכטער פון די פשוטע זאַכן:**

איך שטרעק נישט מיין האַנט צו דער לבנה,
איך נעם צוזאַמען שטיינדלעך פון דער ערד,
ווערעמלעך קליינע,
נידעריקע גרעזלעך,
אַראָפּגעפאַלענע בלעטער,
געוויקסן נישט־שטעכיקע
און צווייגן פוןביימער...

און דאָס איז מיין חומר —

**דער לייענער אָבער מעג עס נישט גלייבן, ווען ער דערטאַפּט ביי אים אַזאַ בליציקע וויזיע פון זיין אייגענער קינסטלערישער עובדא, ווי:**

ווער זינגט פאַר דעם ליידיקן בלאַט?
געבוירן איבער אַ טייך פון בילדער —
איך דערווייטער זיך מיט שטילע טריט
פון מיין אייגענעם איך.
זילבן פון אויסגעשטערנטן הימל,
צייכנס פון אַ פאַרשוווּנדענער וועלט,
שטראָמען פון אַ צעקאַליעטשעטער צייט —
און אַלץ ווערט פאַרזונקען אינעם ווייך.

**אָדער, אין אַ צווייט ליד:**

יעדער וואָרט איז אַן אָנהייב...

. . . . . . . .

דער בלינדער הויל פון אָנהייב
ווערט נישט פאַרפולט.
די וועלט בלייבט יונג,
געבערט דעם ווילן פון באַשאַף,
פון ערשטע שאַרכיקע געפילן —
אָפּגעריסן פון באַשייד.

דער חומר — דער ווערטער־אוצר — איז טאַקע אָפט מאָל ערדיש־באַשיידן. זעלטן ווען געפינט מען ביי קעניגערן ביישאַפונגען אָדער גע־קינצלטע פּאָעטישע טערמינען. אָבער דער רוח וואָס בינדט דעם חומר איז שוין גאָר נישט קיין וואָכעדיקער, און הינטערן פשטות פון רואיק־צוגעשניטענע שורות און נאַטירלעכע, מער־ווינציקער סקאַרבאָווע גראַ־מען, דערקענט מען נישט נאָר דאָס בקיאות פון אַ גאַנץ וואַזשנעם מומחה אין תכסיסי־שירה, נאָר דעם העכערן טאַלאַנט, פאַר וועלכן עס איז גאָר נישט איבערגעטריבן דער אַליין־אונטערגענומענער פאַרמעסט צו

באַווייזן דעם וועג פון ווי
אין אָפּגעהאַקטן וואָרט.

צווישן די דערקען־צייכנס פון קעניגערס פּאָעזיע געפינט זיך זיין חוש פאַר גילגולימדיקייט, זיין געלענק איבערצוגעבן דעם פאַמעלעך־שווינדלענ־דיקן כסדרדיקן מעטאַמאָרפאָז פון אַלץ, וואָס איז נאָר פאַראַן:

אין וועלטאַל עדותן די שטערן,
אַז אַלץ געטוועט דאָרט אין ווערן:
אַ באַרג פון דער זון ווערט פאַרברענט —
(און גאָט האט פאַרהיטן נישט געקענט)
אין זאַמדן פאַרוואַנדלט ער ווערט,
אַן אַנדער געזעץ ער דערהערט,
זיין אויסזען עס פורעמט דער ווינט
און איבער אַ טראָפּן פון בלוט,
ביים ווידערגעבורט פון אַ קינד —

זאָגט נאָך אַ מאָל גאָט, אַז ס'איז גוט.

דאָס איז אַ מין פּעאיקייט אויפצוכאַפּן דאָס דינאַמישע און דיאַ־לעקטישע אין אַלע תחומים, אַזוי אין דער וועלט פון מאַן־און־ווייב־ליבשאַפט:

די רייצנדיקע פאַרשפּיל פון גלוסט
ווערט אַנטקעגנקומען אין ליידנשאַפט־געפיל —
אין אומרו פון באַגער פריי צעלאָזט
די ליבע בינדט דעם ציל...

**ווי אין דער תמיד שאַרף־דערשפּירטער מיסטעריע פֿונעם צײַט־פֿאַרלויף:**

איך וואַרף מײַנע טעג אינעם אויזון
און מיט זיי באַהײַז איך די שטיבער.
די צײַט אין וואַרעמקייט שײַנט.

**וואָס האָט אָבער דער פּאָעט אָפּגעשפּאָרט פֿון דעם אַלעמען? וואָס וויל ער פֿאַרהיטן און פֿאַראייביקן פֿון דער נאַטור וואָס גייט אומדערמי־דלעך אַריבער אין אַנדערע פֿאָרמען, און פֿון אָט דעם זײַן וואָס יאָגט זיך אָן אויפֿהער צום נישט־זײַן? דאָס איז, פּראָסט און גרויס, די מענטשלעכע פֿרײַנדשאַפֿט, די ברודערשאַפֿט, וואָס איז פֿאַר קעניגערן נישט בלויז אַ נחמה אַנטקעגן די ביטערנישן פֿון זײַן עבר:**

ווען מײַן לעבן האָט געצאַנקט
און זיך געלאָשן אין שטורעם,
האָב איך געזוכט דעם מענטש,
געזוכט אין רוים און צײַט,
און ווען ביי אַ שיידוועג איך דערקען אים
זאָג איך: גליק.

**זי איז אויך זײַן גאַנצע גן־עדן־פֿאָרשטעלונג:**

די ערד איז באַלאָדן מיט ביימער,
די ביימער מיט פּירות פֿון גאָט.
איך שטער דעם גן־עדן־פֿאַרבאָט
אין נאַכטיקער שטילקייט געהיימער.

די פֿרוכט וועל איך אַלע צעטיילן
פֿאַר ברידער פֿון מײַן נע־ונד,
און זאָלן זיי עסן צו זאַט,
און זאָל זייער עלנט זיך היילן.

ביז שמייכלען זיי וועלן אין נעפּל,
און ס׳וועט זיי דערקענען מײַן בליק.
ווען ס׳קומען די ברידער צוריק —
איז ווייניק די ערד מיט די עפּל!

מער וועל איך מיט זיי זיך נישט שיידן.
דאָס איז דאָך דער אָנהייב פון טרוים,
מיט צייטיקע פּירות דער בוים —
דער אומקער צוריק אין גן־עדן.

**אין חיים קעניגערס סטראָפן דערגייען צו אונדז די נשמה־וויבראַ־ציעס פון אַן איידעלן קינסטלער, פון אַ שווער־אויסגעפּרוווטן היינטציי־טיקן יידן וואָס האָט געגלאָזט אויפבליען אין לידער זיין אמתן דאָרשט נאָך עטישער און עסטעטישער טרייסט.**

יצחק ניבאָרסקי

## פון פיר זייטן

אָט קומען איצט ווידער
צונויף זיך די וועגן —
און ברענגען דיר אָפּ דיין פאַרמעגן.

ווער בין איך געווען? ווער בין איך געוואָרן?
דעם שליסל איך זוך אין מיין נעכטיקן צאָרן.

דער עכאָ פון טריט, די שטילקייט פון אימה.
געפלאָכטענע שאָטנס פון ביימער...

עס קומען איצט ווידער צונויף זיך די וועגן.

פאַריז 1968

## צו אַ גערעטעוועטן

דו לעבסט,
ביסט אַנטרונען.
פֿאַר וואָס? ווי אַזוי? —
ווייל ביסט געווען אַליין...
ווייל מענטשן...
ווייל רעכטס און לינקס...
ווייל אַ רעגנדיקער טאָג...
ווייל אַ שאָטן פֿון אַ זוניקן טאָג...
ווייל אַ וואַלד מיטביימער...
אַ סטעזשקע...
אַ סעקונדע...

ביסט אַנטרונען,
דו לעבסט.
פֿאַר וואָס? ווי אַזוי?
און צו וואָס?

ווארשע, מיי 1940

*

בוים, געטרייער שכן !
איך פיל דיינע וואָרצלען
אין מיין קאַלט־בלויען גוף.
ווען דער האַרבסט דיך אַנטבלויזט
און דיינע גאָלדענע קליידער פאַלן —
ווערט מיין שטיין פאַרדעקט,
און דו בליסט.
פליס איך אין דיינע בליטן
און קוש דיך מיט קאַלטע ליפּן.

קאַטלאַס ר״פ אין וועג צו מורמאַנסק, 1941

*

מיין געדאַנק פאַרשטענדלעך ווערט ביי נאַכט.
ער קרייזט מיטן בלוט דורך דעם מוח,
אין דעם בונד פון דער נאַכט מיטן כוח
זיך פאַרעמט דער מענטש.
נאָר אין בלויען פרימאָרגן,
ווען איך דערוואַך —

דער געדאַנק אינעם טאָג ווערט באַגראָבן.

אין רוסישן לאַגער אַבראַמקאַווא, 1942

## פאַרבלאָנדזשעט

אין אַ פרעמדן יאָרהונדערט
פאַרבלאָנדזשעט,
צווישן שווייגנדיקע וועלדער,
פלאָנטער איך זיך
און זוך
אַן אַנדער וועג.
איך טוליע זיך צו אַ בוים
און בעט אים
ער זאָל פאַרטרייבן פון וואַלד
דעם איינגעדרעמלטן טרויער.

ר״פ אין לאַגער, 1943

## ווּ גייסטוּ, איינזאַמער?

גראָז וועט וואַקסן אויך דעמאָלט,
און שניי וועט פאַלן אין ווינטער,
נאָר נישט זען וועלן דאָס די אויגן מיינע.
ווי וועלן זיי דאָס אויסהאַלטן?
און וועל זיך אויפוועקן
ווען די זון פאַרגייט
און אויפן פאַרנאַכטיקן פעלד —
גלעטן דעם געלן זייד
פון די קוקורוזע־קעפּלעך.

און קומען וועלן פאַרשלאָפענע הינט,
אַרומשמעקן מיך שטילערהייט
און פרעגן:
— ווּ גייסטוּ, איינזאַמער?
מע פּילט פון דיר ערד!

לאַגער אַבראַמקאָווא, נאָענט צו מורמאַנסק, 1943

## צו אַ גרעזעלע

גרעזעלע גרינס, ווי דו ביסט קליין!
מיין קערפּער וועט ליגן אונטער אַ צודעק פון שטיין.
אפשר וועסטו מיין צוואה דערפילן?
כ׳וועל אין קבר קיין ניגון נישט פילן,
נאָר דו טאַנץ צום ריטעם פון ווינט
אַנטקעגן דעם ליכט ווי אַ קינד.

מיר וועלן טריי זיין איינס פאַרן אַנדערן,
מיר וועלן שוין אין ערגעץ נישט וואַנדערן,
נאָר דו וועסט גרינען אויפן פלאַך

און איך וועל בלייבן אין דער נאַכט.

וואַרשע, 1945

## צעאַקערט פעלד

טרויעריק צעאַקערט פעלד —
פון דיר שרייט אַרויס מיין וועלט.
ווען איך גיי לעבן דיר,
שרייט אין מיר —
מיר זענען געווען אַ מאָל פיר
האָט מען דריי פאַרזייט אין דער ערד -
און איך ווער פון איר נאָך געזערט.
נאָר תמיד ווען איך עס מיין ברויט,
ווערט פון ווייטיק גערונצלט מיין הויט.
אָ פעלד, דער אַקער פון פויער
דאַרף גיין איבער דיר אין טרויער.

וואַרשע־פּראָגע, 1945

*

אין אָטעם פון יעדן וואָרט
זוך איך דערלייזונג
פאַר דער פאַרטיליקטער מאַמעס שפּראַך.

ווערטער מיינע,
פאַרבאָרגענע אין שטילן געווימל,
ווי קען איך אייך אָפּגעפינען ?

אין רויד פון וואַרשעווער הימל ?

וואַרשע, אַפּריל 1945

## נייע מלבושים

אין דרויסן בלאָזט אַ קאַלטער ווינט,
נאָר איך בין באַזאָרגט שוין אַצינד —
כ׳האָב נייע מלבושים זיך אויפגענייט.
די אַלטע — זענען אין דער וועלט צעשפּרייט.
אַ טייל איז געבליבן פֿאַרשימלט און נאַס
אין וואַרשעווער געטאָ אויף סטאַווקע־גאַס,
די אַנדערע, געוואַשענע אין רינשטאָק —
געבליבן אין סאָוויעטישן בינשטאָק,
אין די פיר עקן פון דער דאָרטיקער גיהנום־וועלט,
פאַרשטייפטע פון אַרקטישער קעלט.

וואַרשע, 1945

# וויג זיך

וויג זיך, וויג זיך, וואַנדערשיף,
אויף ווייטע ימען!
קיין רויך באַווייזט זיך נישט פון קיין קוימען.
מיין לעבן קאָן זיך נישט פאַרזוימען.
מאָכיק זענען אַלע שטיבער
און מיינע ברידער — אין גריבער.

וואַרשע, 1945

*

ווען דער שאָטן פון אומגעקומענעם
טויכט אויף פון די טיפענישן
אין פינצטערקייט פון דער נאַכט —
האַלדז איך אים אַרום
און דריק אים צו זיך.
מיין קאָפּ לייג איך אויף זיין אַקסל
און די שטורמישע נאַכט
קאָן אונדז נישט שיידן.

וואַרשע, 1946

## ווער וווינט אין מיין הויז?

ווער וווינט אין מיין הויז?
צי איז דאָס הויז פֿאַר מיר געבויט?
איך קריך אויף דער ערד
אונטער אַ פֿאַרטונקלטן הימל.
מיר איז באַשערט
צו צינדן יאָרצייטליכט
נאָך שטערן,
אַראָפּגעפֿאַלענע פֿון מילכוועגשיכט.
געבליבן איז פֿאַר מיר ווייניק —
בלויז
מיטן מענטשן־מין צו בלייבן אייניק.

וואַרשע, 1946

# ווי אַ פאַרוואָגלטער הונט

ווי אַ פאַרוואָגלטער הונט,
געטריבן פון ווינט,
וואַלגער איך זיך אין גאַס,
פון רעגן נאַס,
און שמעק אויף יעדן שוועלשטיין
צו געפינען אַ ביין.

אין נע־ונד בין איך פריי.

פּראָגע, 1946

*

פונעם שלאָף האָב איך דערוואַכט
מיט אויפגעריסענע אויגן:
וו בין איך געווען?
ווער האָט אויפגעהאַלטן מיין שלאָף?

דער הימל אָן וואָלקנס,
דער רויך פון קרעמאַטאָריעס,
דאָס פייפן פון סירענעס?

ווער האָט פאַרטויבט מיין ליד.

ווארשע, 1946

*

איך זינג פון איינגעפאַלענע שלעסער.
מיין טרויער ווערט גרעסער און גרעסער.

די קולות לעבן אין מיין זינען.
די טרערן ווילן נישט רינען.

דער אומעט אויף וויסטענע וועגן
קומט נאַקעט און הויל מיר אַנטקעגן.

אין שאָטנס אויף פרעמדע וואָקזאַלן —
די בלינדע וואַגאָנען זיך איילן.

שוועדן, 1946

# שאָטנס

אין דיינע אויגן שיינט אַ נעפּל,
אָבער דו לעבסט
מיט שאָטנס פון אַ פאַרשווונדענער וועלט.
דו זוכסט צווישן זיי דיין עבר —
געפינסט אים אויף נישט־פאַרלאָשענע קלעצער,
ווו דער הימל שפּייט מיט שקיעה.

ביאַליסטאָק, 1946

*

אין מאַראַטאָן־געלאָף מיט דער צייט
אָפּגעפּונען זיך פון דער ווייט
פאַרלאָזט, און אויסגעדינט אין אַ זייט.

כ׳האָב פאַר מיר קיין ווערט איצט —
פון קיינעם נישט באַשיצט
האָבן יאָרן מיך אויסגעניצט.

יעדער אָן רחמנות פאַרגיסט זיין שווייס,
פאַרגעסט, און האַלט זיך דרייסט,
קומט די צייט און פאַסן רייסט.

דערמאָנט אומזיסט דיין מיען —
אויף ווייטע סטעפּעס אַנדערע קניען,
פאַר דעם זעלבן גאָט זיך באַמיען
און די אויגן מיט אַ הייטל פאַרציען.

1946 ,ווארשע

# מײנע טעג

איך וואַרף מײנע טעג אינעם אויוון
און מיט זײ באַהײץ איך די שטיבער.
די צײַט אין וואַרעמקײט שײַנט.
דער שטח ווערט פול מיט פרײַנד.
און פלוצעם — אַ בליק פון אַ ווינקל:
צוויי אויגן אין וואונדער־געפינקל,
צוויי אויגן פון אַ ריז,
וואָס דריקט אין זײַן האַנט אַ שפּיז.

וואַרשע, 1947

*

אויף שוימיקע כוואַליעס געטראָגן --
די יוגנט קאָן גאָרנישט פאַרויסזען.

אין גאַנג אויף דיין וועג,
ווערט צו נישט דיין פאַרמעג.

אין שאָטן פון צעשטערטע ווענט,
ביסט געבליבן מיט ליידיקע הענט.

דער אומרו רוישט אין די צווייגן.
דער ווינט בלויז וויל נישט שווייגן.

שוועדן, 1947

## נישט געזעטיקט

נישט געזעטיקט מיטן ערשטן בליק —
זוכסטו אין פעלד נאָך אַ שניט.
דיין פנים ווערט אַלט
ווען דיביימער אין וואַלד
טרייסלען די וואָר.

אין אָפּהילך פון האַסטיקע טריט
ברענגסטו דעם קרבן —
דאָס אַלץ וואָס דו האָסט דערוואָרבן.
און ווען פון דאָס ניי דו אַנטדעקסט די ערד —
צי וואָלטסטו פון איר אינגעווייד
די היץ פון די נעכטנס באַשיידט.

אופסאלא — שוועדן, 1947

# טויבן

איך פלעג יאָגן זיך נאָך טויבן
און דערביי אויסגעהאַקט שויבן,
נאָר איך האָב ליב די קלוגע טויבן
און זייער פלייסיקייט צו לויבן.
אין די בלויקייטן זיי פליען
און באַרירן די וועלט אינעם בליען.
איך בין מקנא די טויבן.
איך באַדויער נישט די אויסגעהאַקטע שויבן.

פראַגע, 1950

## בענקשאַפֿט

פֿון מײַן לאַנד בין איך זײַער ווײַט —
איך ווײס, דאָס איז מײַן שוואַכע זײַט.
דער אומעט איז אײגן, און פֿרעמד איז די שײַן,
ווײַל שווער פֿון מײַן לאַנד איז ווײַט צו זײַן.
מײַן לאַנד אין דער פֿאַרגאַנגענהײט דערלעבט,
דער חלום אין פֿרעמדקײַט וועבט.

פּאַריז, 1950

## מיין בליק

מיין בליק וואַנדערט
און ווערט אין גילגולים פאַרענדערט:
אין אַ בוים וואָס בליט,
אין אַ צווייג וואָס זיך וויגט,
אין אַ שאָטן פון אַ פעלדזענעם שפּאַלט,
אין אַ געשאָרך פון צעבלעטערטן וואַלד.

פּאַנטעיבלאָ, 1950

## אַ פּייערבלום

איך בין ווי אַ שמיד:
זיין קערפּער גליט
ווען ער פאַרעמט שטאָל,
ווי איך — מיין לעבן אַ מאָל.
אין וואָרט די נשמה ליגט,
ווי געבעט וואָס דערקוויקט.

פון האַמער דעם שווערן
פאַלן פונקען — שטערן
און קרייזן גאָטס שטול אַרום
און שאַפן אַ פייערבלום.

חיפה, 1950

*

די לבנה שיינט מיט אַ קרום מויל.
זי לאַכט פון דער צייט.
אָט גייט זי אַרויס פון אַ וואָלקן,
באַוואַכט מיט שטערן פון דער ווייט.

זי שפּיגלט איר קאָפּ אינעם טייך,
איר מויל איז אַלץ נאָך קרום.
אַ סוויטע שטערן פון דער ווייט —
און די נאַכט איז שטום.

ווענעציע, 1965

## שלאָף, מיין טייער קינד

שלאָף, מיין טייער קינד
די נאַכט פאַלט צו
און ברענגט אַ ווינט.

ווי שטענדיק אין דער שעה —
ער גייט אויפן וואַלדוועג
מיט לבנה באַלויכטן.

ער זוכט דיך, ער פירט.
ער זוכט דיך, געפינט.
מיט זיין האַנט
דיינע האָר ער באַרירט,
דיין פנים, דעם בלייכן,
ער קושט דיינע ליפּן —
פאַרהוילן נישט צו דערגרייכן.

ער גייט אויפן זעלבן וועג,
אין דער זילבער לבנהדיקער נאַכט
ער וויינט דיינע טרערן —
שלאָף, מיין טייער קינד,
קיינער וועט נישט וויסן,
קיינער וועט נישט הערן,
שלאָף.

מאידאנעק, 1967

*

דער לאַבן ברויט,
די שבת־חלה
געזאַלצן פון דער מאַמעס טרערן
ביים בענטשן ליכט,
טריפן אין די געדערעם
פון אירע יתומים
באַהאָפטן צוזאַמען.
פאַרוואַנדלט אין זייפנבלאָזן
אין טיפן שלאָף
ביז יעדן פרימאָרגן,
ווען מיין פנים כ'וואַש
מיט זייף און אַש.

מאַידאַנעק, 1967

## די מוזיק פון שטיינער

די מוזיק פון שטיינער
אויף דער פידל פון צייט
וועט אויסשפּילן איינער
פון דער אייביקער ווייט.

די מוזיק פון שטיינער
פון מיין ברודערס טויט
וועט אויסוויינען איינער
אָן פלייש און אָן הויט.

די מוזיק פון שטיינער
אויף דער אַשיקער ערד
וועט אויסקלאָגן איינער
און נישט ווערן דערהערט.

מאַידאַנעק, 1967

*

די מאַמע זיצט לעבן מיר.
איר וואַרעמקייט שטראַלט.
איך ציִ אויס אַ האַנט
און לאָז זי אַראָפּ אויף איר אַקסל —
מיט ביידע אָרעמס נעם איך אַרום
דעם שטיין איבערן אָרט,
וווּ עס רוט איר געביין,
מיט ביידע הענט גלעט איך דעם שטיין,
אין ערגעץ־נישט,
איבער אַ קבר,
וואָס איז אין ערגעץ נישטאָ.

אָשוויענצים, 1967

## וויינענדיקע ווערבע

אָ סאָסנע, שיין דו ביסט אין באַלייכטונג
פון לבנה,
אָ סאָסנע, שיין דו ביסט, איינגעהילט
אין ווייסן.
אָ ווערבע, ווי מענטשלעך טרויעריק
דו שטייסט איינגעבויגן,
באַדעקט מיט שניי
ווי וועלפּישע סטאַרטשענדיקע ציינער.
ווי מענטשלעך דו ביסט,
וויינענדיקע ווערבע אין שניי.

זאַקאָפּאַנע, לאָדאַ־האַלאַמאַ־הויז, 1967

## אין מײַן װײַט

װען מײַן לעבן האָט געצאַנקט
און זיך געלאָשן אין שטורעם,
האָב איך געזוכט דעם מענטש,
געזוכט אין רוים און צײַט,
און װען בײַ אַ שײדװעג איך דערקען אים,
זאָג איך : — גליק.
רײַס איך אויס פֿון מײַן האַרץ אַ שטיק
און איך שענק —
און גײ װידער אַװעק אין מײַן װײַט.

װאַרשע, 1967

# די גרענעץ

וו איז די גרענעץ
צווישן טאָג און נאַכט?
צווישן לעבן און טויט
דויערט די שיין.

ווי אַ שלעכטער שווימער
שלינגט איך די לופט
מיט אַ קרום מויל
און כ׳ווער פון די כוואַליעס
פאַרטראָגן אין גרויל.

אינעם סוף פון דער צייט
אַלץ הייבט אָן זיך פון דאָס ניי.
דורכזיכטיק ווערט די וועלט,
אין צער ווערט געבוירן די פרייד
און טרערן ווערן פערל.

פאַריז, 1972

*

אין פאַלדן פון אַ נעץ
שלאָגט דער זומער־פויגל
מיט מידע פליגל
די דערינערונג
פון ווייטע לענדער,
ווו דער רעגן איז וואַרעם
און די בלומען בליען שנעל.

מעלבורן, 1973

## האַרבע ווערטער

האַרבע ווערטער
הענגען איבער מיין קאָפּ.
זיי רייסן שטיקער.
דער קאַיאָר וועט קומען.
מיט פאַרמאַכטע אויגן
כ׳וועל פילן דאָס ליכט
און זוכן צווישן די וואָלקנס
די אומענדלעכקייט.
די שטילקייט
וועט פאַרנעמען —
און אין שאָרך פון לעצטער שעה
מוחל זיין
אַלץ וואָס האָט נישט געהאט קיין זינען.

פּאריז, 1975

## אַ נאַכט אָן אַ נאָמען

אַ נאַכט אָן אַ נאָמען.
די פאַרשטייפטע הענט פרירן,
און ווערטער, פאַרגליווערטע
זאָגן אָפּ דעם אויסטויש —
שטומען
אין טויטע צייכנס.
אין שטילקייט
דערגרייכן זיי אין הימל
די צפון־זייט פון גאָטס שטול
און בלייבן אין תוהו־ובוהו,
ווי די וואָלקנס מיטן ווינט
זוכן זיך
און דערגרייכן
אין באַשאַף
אַלץ וואָס בינדט.

סינגאַפּור, 1976

*

די פינצטערניש פרוווט אונדז פֿאַרנאַרן,
און מיר, מיט פֿנימער פֿאַרזאָרגטע,
מיר נעמען ביי די ווענט זיך שאַרן
מיט ווערטער אויסגעבאָרגטע.

מיט אויסגעבאָרגטע ווערטער,
פֿון אייגענעם איך באַרויבטע —
געקומען פֿון הונדערטער ערטער,
אין הונדערטער שפּראַכן צעשטויבטע.

מיין האַרץ קאָן דאָס מער נישט פֿאַרנעמען.
איך בין פֿון די ווערטער אַ מידער.
זיי ווערגן אין האַרץ און פֿאַרקלעמען
די נאָך נישט געבוירענע לידער.

סינגאַפּור, 1976

*

די רייצנדיקע פּאָרשפּיל פון גלוסט
וועט אַנטקעגנקומען אין ליידנשאַפט־געפיל —
אין אומרו פון באַגער פריי צעלאָזט
די ליבע בינדט דעם ציל....
דער האַס קומט פון דורכפאַל,
אויפן אָפּוועג זיי דערפאָרן —
זע דעם בוים אין בלעטערפאַל.
אַלץ וואָס קומט — קומט מיט צער
אין טיפן איינגעווייד פאַרבליבן.
אויף ביידע זייטן שליאַך
אין צווייפל ביסט פאַרטריבן
אויפן שיידוועג אונטער איין דאַך.

קאַראַשי, 1976

## אין די פֿאַלדן פֿון ווינט

אַלץ וואָס וועקט דיין ליבע
איז שיין און איז פֿאַרביי:
קייטן בערג, די בלויקייט פֿון הימל, דער ים,
די אַרכיטעקטור פֿון גרויסע שטעט,
מענטשנס קאָלירטע מלבושים,
פֿרויענס געטאָקטע קנעכל —
אַלץ איז שיין און פֿאַרביי.
ביי נאַכט שימערן שטערן איבער בריקן,
באַלויכטן די טייכן, געפֿאַנגענע אין שטראָם,
קוקן ווי די שטערן לעשן זיך
אין די פֿאַלדן פֿון ווינט.

מעלבורן, 1976

*

געטראָפן פון אַ קויל אין פליען —
האָט די טויב פון אירע פליגל
אַראָפּגעוואָרפן דעם טויט.
געפאַלן זענען אירע פעדערן
אויף געשפרייטע פעלדער,
פעלדזיקע בערג,
שטילע טייכן.
דאָרט פליסט איר בלוט.
אירע פעדערן
לייכטן ווי שטראַלן.

די ערד האָט נישט געציטערט.

מעלבורן, 1976

# די וועסט אַרויסשווימען

אין ים־כוואַליעס וועסטו אַרויסשווימען.
אַ שוים וועט זיין דער סימן.
אין פּיאַנעס סקולפּטירטע,
און מיט מושלעס באַצירטע
פאַרשלאָסן וועט זיין דיין געשטאַלט —
און מיך געזעגענען וועסטו מיט ליפּן קאַלט.

דערקענען וועל איך דיך אין פרילינג אין דער ערשטער בלום,
אין זומער — אין אַ וואַסער־ליליע, און זאָגן דיר: קום,
און ווינטער, מיט ווערבעס, געהילטע אין שניי —
מיר וועלן לעבן אין וואַלד, ווי זיי.

מעלבורן, 1976

*

איך שפּיל אין ווינט מיט די יאָרן,
אפשר ער מיט מיר,
און די שפּיל וויל זיך פאָרען
און ציילן די יאָרן מיר.

פון מיין עיגול
ער יאָגט מיינע שפּורן —
אין שטוינען פאַרן שפּיגל
כ׳דערזע מיינע יאָרן.

איינגערעמט אין דער צייט
שווער וואָס אָפּצושפּאָרן.
פון דער טונקעלער צייט
גאָרנישט דאַרף מיך אַרן.

אין אומבאַגרענעצטן רוים
גאָט איז ביחד
מיט צייט, ווינט און רוים
און וואַרפט אָן אַ פּחד.

כישופט אין שאָטן פון שפּיל
אין פיבער פון די יאָרן,
און פאַרשטומט דאָס געפיל
ביים ראַנד פון געבאָרן.

מאָנטרעאַל, 1977

*

דיין ניגון וועט נישט הילכן אייביק
פֿאַרשטילט פֿון דער אייליקער צייט —
זיין גילגול וועט רוישן פֿאַרצייטיק
אויף שטילע ימען פֿון פֿאַרבייט.

אַנטפּלעקן וועט דער מענטש פֿון קעלער
דעם עבר פֿון ווייטע וועלטן
און זוכן אין היילן אויף שטיינער געלע
די שפּורן פֿון פֿאַרשווונדענעם דור אין די קעלטן.

און די זון וועט ווידער שיינען —
אַרויס וועט דער דור פֿון די היילן
דערזען, ווי דאָס אייז איז צעטייעט
פֿאַר פֿרייד, און דערציילן.

ניו־יאָרק, 1977

# צ יי ט

די צייט טיילט זיך פונאַנדער
אין שגעון־טאַנץ און וואַנדער.
אַלץ ווערט צוגעזאָגט.
מלאך און דעמאָן האַלטן מלחמה.
דיסאָנאַנסן פון פרייד און טרערן
וויגן זיך אין צעהוידעטער נשמה
און פאָרן זיך אין ווערן.

פאַריז, 1979

## קייקעלעך בלוט

קייקעלעך בלוט
לויפן אין די אָדערן
מיט געבעט
און פֿאַרענדערן די פֿאַרב.

זיי דערמאָנען ווער איך בין,
און וואָס כ׳וועל זיין:
ווער וועט מיין זיפֿץ דערהערן
אין אין־סופֿיקן רוים?

צווישן הימל און ערד
דער קלאַנג פֿון געבעט
ווערט פֿון פֿייגל פֿאַרטראָגן
אויף פֿרעמדע פּלאַנעטן.

טולוז, 1980

*

טעג און נעכט אין מידבר.
די שאָטנס זענען שטיינער.
אונטער זיי רוט דער זאַמדעקדיש
און קוקט אויס אַ גלייביקן פויגל.
די זון צינדט אָן די שקיעה
און דאָס וואַרעמע זאַמד
קרעכצט אונטער די פיס.
אַן איינציקער אָוונט
וועט צעשטערן
אַלע טייכן פונעם זומער.
דער וועג וועט פאַרלירן גיין
אין גאָרנישט.

קבוץ נחשון, 1980

## אין ליידיקע פאַרמעס

אין ליידיקע פאָרמעס
זוכן מיר
מיט כפירה און אמונה
דעם מאָרגן,
און דערגייען אים —
און שווייגן.
יעדער וואָרט איז באַגריף,
יעדער וואָרט איז אַ רוף
אין אומבאַגרענעצטן שטח.
דאָס וואָרט אין געביין
פאַראייגנט דעם מענטש
אין טראַכט פון זיך אַליין.

קבוץ נחשון, 1980

*

די ערד איז באַלאָדן מיטביימער,
די ביימער מיט פּירות פון גאָט.
איך שטער דעם גן־עדן־פאַרבאָט
אין נאַכטיקער שטילקייט געהיימער.

די פרוכט וועל איך אַלע צעטיילן
פאַר ברידער פון מיין נע־ונד,
און זאָלן זיי עסן צו זאַט,
און זאָל זייער עלנט זיך היילן.

ביז שמייכלען זיי וועלן אין נעפּל,
און ס'וועט זיי דערקענען מיין בליק.
ווען ס'קומען די ברידער צוריק —
איז ווייניק די ערד מיט די עפּל!

מער וועל איך מיט זיי זיך נישט שיידן.
דאָס איז דאָך דער אָנהייב פון טרוים,
מיט צייטיקע פּירות דער בוים —
דער אומקער צוריק אין גן־עדן.

חיפה, 1980

*

זיי מוחל, גאָט, מיין מידקייט.
די קניען בייגן זיך
פון ליבע, באַדויער און וואַנדער.
ביים זאַמדיקן ברעג פון ים,
דערוואַרט איך דאָס צוגעזאָגטע.

באַווייז דיין גרויסקייט,
דערווייטער דיין צאָרן,
דערמעגלעך אין דער נאַכט
צו דערזען די שטערן
און געזעגענען
דיין פינקלדיקע פראַכט.

און פאַרגיין אין שלאָף אויפן וועג.

חיפה, 1980

*

אין וועלטאַל עדותן די שטערן,
אַז אַלץ געשעט דאָרט אין ווערן:
אַ באַרג פון דער זון ווערט פאַרברענט —
(און גאָט האָט פאַרהיטן נישט געקענט)
אין זאַמדן פאַרוואַנדלט ער ווערט,
אַן אַנדער געזעץ ער דערהערט,
זיין אויסזען עס פורעמט דער ווינט.
און איבער אַ טראָפּן פון בלוט,
ביים ווידערגעבורט פון אַ קינד —

זאָגט נאָך אַ מאָל גאָט, אַז ס'איז גוט.

חיפה, 1980

## די אומענדלעכקייט

דער מהלך
פֿאַרשלאָסן אין צייט
דערוווייטערט פֿון די שטערן
יעדע מינוט.
די אומענדלעכקייט
לייכט אין רוים.
דער מענטש וואַנדערט,
ווי אַ בלינדער שטערן,
אין שטילקייט איינגעהילט —
אָן אַ באַשייד.

פּאַריז, 1980

## אַרום דיר

אַרום דיר וועל איך פליען
ווי אַ פויגל אַרום זיין נעסט,
און שפּעטער ציען, ציען
צו אַ נייעם פּאַרמעסט —
איך וויל דיר צאָלן פאַר מיין גליק !
און צום סוף
דו זיי מיין טרייסט.
אויף דיר זאָל רוען מיין בליק
ווען דער מלאך וועט רופן מיין גייסט.

פּאַריז, 1980

*

אין סוד פון לעבן קלינגט אָפּ דאָס קול פון באַדויער.
די יאָרן און די הענט מעקן אָפּ דיין נאָמען.
דער טרוים פון טאָג און נאַכט פאַרגייט אין געלויער
און אַלע שמייכלער און וויינער שטומען.

דער בר־מינן אויפן גוטן אָרט איז געקומען —
נאָך יעדער זונפאַרגאַנג שיינט אויף אַן אַנדער טאָג
און די טעג קייטלען זיך צוזאַמען
אין שפּיל פון ליכט און שאָטן — אויך אין פּלאָג.

אויפן וועלט־יאַריד יעדער טראָגט זיינע שראַמען
וואָס פאַרעמט פון בראשית זיין ווערק — צעגליט
אין פאַרב פון בלוט, אין תוך פון דראַמען
וואָס שורשען אין אָדערן פון גראַניט.

פּאריז, 1982

*

אויפשטעכן מיט נאָדלען פון קעלט
די יאָרן באַגראָבענע אין שניי,
אין אַ צפונדיקער וועלט —
און אויפוועקן מיט געשריי.

אויפטייען אין פרילינג דעם שניי
און די נאַקעטע קוסטעס פון דאָרט.
באַווייזן דעם וועג פון וויי
אין אָפּגעהאַקטן וואָרט.

פּאַריז, 1981

## ווען כ׳וועל מער נישט זיין

ווען כ׳וועל מער נישט זיין,
וועל איך אין אַ גרעזעלע אַריין.
באַשיידן אַזוי און קליין
וועל איך צו די מענטשן גיין
און זאָגן זיי די גרויסע בשורה,
דערציילן דעם גרעזעלעס גבורה —
פון יענער וועלט קומען צוריק
און ברענגען דאָס גרינע גליק.

דערפאַר דאַרפן אַלע זיך פרייען,
אין פרילינג גראָזן פאַרזייען —
אַ זכר פאַר מענטשנס געביין,
אַ סגולה אַנטקעגן געוויין.

בית־הקברות — מאָנפּאַרנאַס, 1982

## אַנטפּלעקטע מינוטן

אַנטפּלעקטע מינוטן
פון פאַרלוירענע ווייטן
רוישן נאָך אין די טיפן.

אין דערהייבונג פון שלאָף
די שרעק נעמט מיך אַרום
און זוכט מיין פּנים — אין דער פינצטער.

אין זכרון דאָס גערויש,
ווי אַ וואַסערפאַל —
נאָר אונטערערדיש.

די שטיינער שימלען.
די פייכטע פלאַנצן
זעען נישט די הימלען.

טולוז, 1982

**פאַר מרדכי אַרדון**
**נאָך דרייסיק יאָר פריינדשאַפט**

*

פון יעדן פערלדיקן אות
כ׳וויל דערגיין צו דיין געהיימער וועלט,
דערקענען און פאַרשטיין
דאָס אַלץ וואָס בלענדט און העלט.

צווישן שאָטנס — דיין ליכטיקע האַנט.
אין חומר פון אויסגעמאָלטער געשטאַלט
קומט אויף דאָס בילד
אין די שטערן פון צירופים
דאָס אַלץ האָט אין באַשאַף געשוועבט
און אויסגעחלומט דעם אמת.

1983

*

איך קוק אַריבער צו מיינע פריינד,
דוכט זיך אַז די אידיליע גייט אָן:
איינער דעם אַנדערן פאַרשטייט,
און קינאת־סופרים פאַרשווינדט —
מרבה חכמה בינדט.
חברים געבן יעדן טאָסטן אין די הענט
און די נעאָפּיטן שאַרן זיך נישט ביי די ווענט.
די מוזע האָט בכבודיקע מענטשן.
איינער דעם אַנדערן זאָל בענטשן
און בלייבן קאָ־לעגאַלע חברים — נישט פאַרלוירן,
נאָכן איבערלייענען דיין קוריקולום וויטע, ווערסטו געבוירן

צו פרי אָדער צו שפּעט.

פּאַריז, 1983

# מיין זייגער

געחלומט האָט זיך מיר:
מיין זייגער צו קאָפּנס
פֿאַרלירט די ווייזערס.
איך באַטראַכט די צייט.
מיך שרעקט
און טרייסל פֿון זיך
די יאָרן.
זיי בלייבן אין חלום.
דאָרט קומען זיי צוריק
מיט די ווייזערס אין די הענט.

פּאַריז, 1983

# דונער און בליץ

איך באַגער די צוציקראַפט
פון פאַרלוירענעם האָריזאָנט,
ווו דער כוח פון דונער וואַנדערט
צום העפטיקן צוזאַמענשטויס,
ווען ער געבערט דעם בליץ
אין אַן אויגנבליק
פון פינצטערניש אין קאָסמאָס.

מיט רויער אורקראַפט,
געבוירן אין תורה־ובוהו פון באַשאַף,
די האַרטע ערדשאָל טוט אַ ציטער פון ווייטיק
און צעפּאַלט זיך אין שטיקער
פון ימען, בערג און טאָלן.

פּאַריז, 1983

*

די שיינקייט פון טאָג נישט אָפּצושאַצן
און פֿאַרטוישן פאַר פּאַלאַצן
כ'פֿאַרטרוי אים מיין שמייכל און מיין טרער
אין ליכטיקן רוים מיין וווּנד און קער.

פון געבורט, פון קינדווייז אָן
איך שטעל אים נישט אין קאָן.
אויסגעוואַקסן אין צייט פון זיין
אויף איר פּנים שפּילט די שיין.

די ערד איז מוטערלעך אייגן
ווי דעם בוים זיינע צווייגן,
מיר זוכן זיך יעדער מאָל אין פעלד,
אויך אין שלאָף אַ מאָל פאַרשטעלט

צו קאָפּן זיך דערגרייכן,
ווען עמעץ חתמעט מיט אַ צייכן
די גרענעצן פון היכל,
איך פאַרטרוי ביז סע קומט דער שכל.

*

דער שאָטן פון קעניגס בופאָן
הויערט נאָך אַלץ פאַרן טראָן
אין ליידיקן זאַל.
נאָך אַלץ הילכט דעם לצס געלעכטער
בעת דער גאָלדענער עפל
איז אַרויסגעפאַלן פון דער קעניגלעכער האַנט
און האָט זיך אַוועקגעקוילערט
איבערן מאַרמאָרענעם דיל
צום אָפּגרונט פון ליידיקן זאַל.



דאָס האַרץ שלאָגט אויס
אין בלינדער נאַכט
דעם ריטעם אין טויבן עכאָ
און זוכט אַ פונק פון באַשאַף.
אין חודש ניסן
שטיקט דער רויך די פעלדער
און פלאַמען פון ווייסע טריט
ווערן פאַרוואַנדלט אין שטויב.

אײנגעהילט אין דער מוטערשויס —
מיט אַ פאַרשטאַרטן בליק,
מיט אַן אָפן מויל —
ליגט דאָס קינד אַנטוויינט,
מיטן פנים צו דער ערד.

*

נישט־געצוימטע קינדערשפּיל:
מיט קליינע הענט,
ווייכע ווי סאַמעט,
אין בלינדע נעכט
זיי פרעגן
און קריגן נישט קיין ענטפער.
זיי עפענען די מיילער,
נאָר ליידיקע די ווערטער,
דערשטוינטע
זיי פרעגן מיט די הענט,
ווייכע ווי סאַמעט,
אין שווייגעניש פון נאַכט —
און קריגן נישט קיין ענטפער.

## נעפּלדיקער האַרבסט

דיין לעבן איז פרילינג,
פאַר מיר — דער נעפּלדיקער האַרבסט.
דיין פּנים, ווי בליענדיקע רויזן,
פאַר מיר — דער נעפּלדיקער האַרבסט.
איין שריט,
און כ׳וועל איבערטרעטן די פאַרפרוירענע שוועל.
דו שפּאַן ווייטער צום זומער פאָרויס,
פאַר מיר — דער נעפּלדיקער האַרבסט.

איין שריט,
און כ׳קום אָן אין לאַנד פון דער קעלט.

## מיין מאַמעס אויגן

מיין מאַמעס בלויע אויגן
געווען זענען מיט טרויער פאַרצויגן,
און געגאַנגען איז זי איינגעבויגן,
און נישט געהאַט די קינדער צו זייגן.

נישט איך האָב פאַרמאַכט אירע אויגן,
נאָר איידער איר בליק איז פאַרפלויגן
האָט ער מיך געמאָסטן, געוווגן
צי כ׳וועל פאַרן טרויער זיך טויגן.

מיין מאַמעס בלויע אויגן
זיי זוכן נאָך אַלץ דורך די שויבן
אַ גוטע בשורה פון די טויבן
און ווערן פאַרפאַלן דאָרט אויבן.



ציי כענונג פון — **מאַנע קאַץ**

*

גאָרנישט איז פון הימל אַראָפּגעפאַלן,
גאָרנישט האָט זיך אויסגעפּיקט פון די וואָלקנס.
דער ווינט ברענגט וואָס ער קאָן.
די ערד איז פאַר אונדז גינציק —
אויף איר פאַלן אונדזערע טרערן.
אין זיי וויקן זיך די וואָרצלען פוןביימער
ביז זיי ווערן אַרויסגעריסן.

גאָרנישט איז פון הימל אַראָפּגעפאַלן.

## דורך אַן אָפּגעלענטער טיר

אין אַ פרילינג
ווי דורך אַן אָפּגעלענטער טיר,
האָב איך דערזען דעם בליענדיקן סאָד.
די לופט איז געווען זיס
און געשמאַק ווי אַ מילכבאָד,
נאָר פון אינעווייניק
האָט דער מענטש מיך דערזען
און מיר פאַרבאָטן
צו קוקן אויף זיין סאָד.

## שטילע וואַסערן

כ׳הער זיך איין אין שטילע וואַסערן
ווען זיי ציטערן און רינגלען
ביים מינדסטן בלאָז פון ווינט.
כ׳זע דאָס וואַסער אין ווינט,
כ׳געדענק דאָס אָרט פון לייכטע טריט.
דער מאַמעס ווערטער
ביים בענטשן ליכט
צו מיינע זיבן יאָר :
יתום מיינער,
דיין גורל איז וואָר !

## ווען דער ווינט איז שטיל

ווען דער ווינט איז שטיל
טוליען זיך די ביימער.
די פייגל פליען מיר אַנטקעגן.
איך הער זיי מיט אימה
נאָר אין מיר זיצט אַ סאָווע.
זי שווייגט.
זי געדענקט אַלץ.
זי וועט נאָך זאָגן.

*

ווער רופט ?
ווער רופט דאָס אין פרימאָרגן ?
אפשר אַ פויגל, וואָס בלוטיקט און וויינט ?
די ערד שמעקט נאָך פון שלאָף
און בלישטשעט אין טוי.
בלויז פון ווייטיק ווערט מיין גוף
און שטילט,
און שטילט.

איך בוי אַ הויז אַרומגעצוימט פון יאָרן —
אַ נעסט פאַר פייגל אויפן העכסטן גאָרן,
באַפעסטיקט מיט מיין אָרעם.
צי וועט זיי עמעצער פאָכען
פון מיין הויז —
אַ צייכן צום וואַנדער ?

## אַ ווינטערבלום

אין פענצטער,
פאַרקאָוועט פון קעלט,
אַ ווינטערבלום בליט.
ווען לינדער עס ווערט
צום דרויסן מיך ציט.

איך טייל די פייגעלעך פענעצלעך פון לעבן,
פון מיינע הענט זיי עסן.
זיי פאַרשוועבן, פאַרשוועבן.
און איך מיט מיין יוגנט
בלייב אין דרויסן פאַרגעסן.

דורכן אייז גרינט שוין דאָס גראָז.
די נאַכט ווערט פאַרקאָוועט און בלינד.
אויף די שויבן מיין אָטעם בלאָזט —
און הינטערן פענצטער מיין יוגנט פאַרשווינדט.

פייגל פאָכען אויף די וועגן.
זיי האָבן זיך צעטיילט מיט די ווערטער,
מיט מיין פאַרמעגן —
און זיי פליען אויף אַלע ערטער.

# דער נאַכטוועכטער

דער נאַכטוועכטער הערט זיינע טריט
דערווייטערן זיך פון אים —
אַן אַנדערער ניצט זיינע טריט
און נעמט אים נישט מיט.
אָן זיין ווילן,
זיין שטימע דערגרייכט נישט דעם אַנדערן.
ער הערט בלויז דעם אָפּקלאַנג דעם שטילן
פון טריט אין וואַנדערן.
אַ האַלבע לבנה באַוואַכט
די פאַרלוירענע טריט אין דער ווייט,
די וואָלקנס, די נאַכט,
די געשפּאָלטענע צייט.

## געשריפטס אין הימל

פון געשריפטס אין הימל
האָט זיך אָפּגעריסן אַן אות —
אַ שטערן? אַ קאָמעט?
מיין נאָמען?
אַזוי פיל אותיות פאַלן פון הימל —
און דאָס געשריפטס ווערט נישט געמינערט.
די אותיות וואָס פאַלן
לייגן זיך אויס אין שורות
אַרומגענומען מיט אַ שוואַרצער ראַם.

# מיין חומר

איך שטרעק נישט מיין האַנט צו דער לבנה.
איך נעם צוזאַמען שטיינדלעך פון דער ערד,
ווערעמלעך קליינע,
נידעריקע גרעזלעך,
אַראָפּגעפאַלענע בלעטער,
געוויקסן נישט־שטעכיקע
און צווייגן פון ביימער...

און דאָס איז מיין חומר.

## אַריינגעוואַקסן אין דער ערד

אַריינגעוואַקסן אין דער ערד,
פון איר זיך לערנען צו זיין,
און מקנא זיין די שטערן,
וואָס די נאַכט יאָגט אַרויס
אויף פינצטערע וועגן אין הימל —
אויף וועגן
וואָס פירן אין ערגעץ נישט.

## אַ ישועה

דער רעיון
איז נישט געזאָגט געוואָרן.
ער בלייבט
ווי אין אויג — אַ דאָרן.
ווי ווילדע גראָזן
די ווערטער זיך באַפרייען
פון אונטער אַ בלינדן מויער.
דער רעיון איז אויפגעוועקט
און ברענגט די ישועה אין סטראָפן —
אין טרויער.

*

דער מענטש שטרעקט צו מיר זיין האַנט ;
כ׳זע זיינע נעגל און יעדן אָדער
דורך אַן אומזעעוודיקער שויב
וואָס צעטיילט אונדז
צווישן לעבן און טויט.

*

דורכגעאַקערט די ערד
אין אינגעווייד, אַ נייע ווערט.

כ׳זע די גרודעס ווייך
און דעם באָדן רייך;

ווער ס׳האָט פאַרזייט,
דער שניידט.

כ׳שטיי אין שאָטן
אַלץ זאָל געראָטן.

מיטן אַקער ווי אַ פערד
קיינער האָט נישט געשטערט

צו דער ערד זיין געבויגן
מיט פאַרווייעטע אויגן.

*

דער באַרג אין ערד איינגעשניטן —
ווי יעדער מענטש אין רוים
באַלאַנגט מיט זיינע בליטן
ביז אויסגעלאָשן ווערט דער טרוים.
אין פינצטערניש צעצונדן
זוכסטו און נישטערסט מיט די אויגן
צו דער ערד געבונדן
ווו דיין שטערן איז פאַרפלויגן.
פרעגסט מיט שרעק:
ווו שטראָמט דאָס לעבן?
נאָר די שטילקייט אַנטפלעקט
אַלץ וואָס איז געגעבן.

# שלאָף הייליק קינד

שלאָף הייליק קינד,
פיר שאָטנס הויערן איבער דיר,
פיר — ווייל געווען זענען זיי פיר:
דער טאַטע אין הויז געוואָרן איז פאַרלענדט,
ווייל ער האָט פון פענצטער שפרינגען נישט געקענט,
די מאַמע, אין אַ הייל אונטער אַ געביי
אויסגעגאַנגען איז אין וויי;
אַ פייערדיקע פייל ווי אַ מעטעאָר
דערשלאָגן האָט די שוועסטער דיינע און דעם קליינעם בכור —
דעריבער שלאָף הייליק קינד,
אַרומגערינגלט מיט שאָטנס, וואָס הויערן איבער דיר
פיר — ווייל געווען זענען זיי פיר.

*

מיט שוך פון שטיינער
אין יעדער האַנט
אויפן וועג
פון בית־החיים
האָט געטאַנצט דער שומר
פאַר אַ בלינדער וואַנט.
מיט שוך פון אַש
פאַר זיין געליבטער
האָט געטאַנצט דער שומר
און צוריקבאַקומען
די קושן פון אַמאָל.
דער ווינט האָט פאַרהילכט
דעם זין פון די ווערטער —
געחלומט אין שלאָף
און פאַרטוישט די טעג
מיט צייט פון שלאָף.

# אַ רגע

דער טאַטעביים שווער געווען איז אַ קעסטקינד,
די מאַמע האָט ערשט נאָך דער חופּה אים געזען.
אָבער פריער נאָך, ווען ווי אַ יונגמויד
געשטאַנען איז ביים לייכטער
בענטשנדיק די ליכט —
האָט מיין באַשטריימלטער זיידע
געמאָסטן איר פרומקייט
מיט אַ באַהאַלטענעם בליק.

*

גלייביקע בליקן
טריפן אין האַרץ
און געבערן די ליבע
פון מענטש צו מענטש.
פיבערן אין באַנעם
אין שפּראַך פון סודות
אין געפיל אויסגעגאָסן,
פאַרטרויען דעם מאָרגן־קאַיאָר
בילדער פון שטיללעבן
אין נאַכטיקע פּייזאַזשן
פון לייכטנדיקע שטערן,
פאַרשווונדן אין מילכוועג
צווישן וואָלקנס
אין אייביקן שטראָם
באַזיגט אין שווייגן
אויף אויסגעטראָטענע וועגן.

## די ערשטע ווערטער

די ערשטע ווערטער
וועלן זיך באַפרייען
פון די טיפן
און אויסשרייען
דיין ווייטיק
פון געבוירן,
ווו אַלץ איז צוגעשווירן
נאָר פאַר דיר
פאַראייגנט אין גרויסן סוד.

*

מיך וועט פֿאַרבייטן דער ווינט,
געבוירן אונטער דעם זעלבן הימל
האָבן די זעלבע זינד
אין דויער פֿון צאַפּלדיקן ברומל.

אייביק מיט פֿרייד און טרויער באַשערט
טירן פֿראַלן אָפֿן
אין שווייגן איינגעהערט —
אייביק מענטשן ווערן האָפֿן.

פֿון די ערשטע טריט פֿון קינד
די צייט יאָגט אין דויער,
אין וווּנדערשפּיל מיטן ווינט
אייביק דער גאַנג אין געלוייער.

דער סוד האַלט אַלצדינג צוזאַמען.
אין געזוכטן וועג אין גיין
יעדער באַלאַנגט צו זיינע שטראָמען
ווו די צייט וואַרפֿט איר שיין.

*

די ערד איז אַ האַרטע.

מיטן בלוט פון מיין האַרצן
באַפּרוכפּער איך די קברים.

די ערד איז שוין ווידער אַ צעבליטע —

די צייט און דער שטורעם
האָבן איבער איר נישט קיין שליטה.

## אַ ד ו ר כ ג יי ע ר

ווען דו וועסט זיין אַן אַדורכגייער
און די נאַכט וועט זיין אָן אַ ברעג —
וועט שיינען דורכן נעפּל דיין פּנים.
דיין שטילקייט,
פון אַ שאָטן געבוירן,
וועט זיין גרויס ווי דער הימל
און דיינע אויגן וועלן שיינען
אין די שטערן פון דער אייביקייט.

*

די צייט פאַרפאָלגט מיין שאָטן,
דערזעט אים צווישן בלומען.
זי איז גרוי און אייביק,
זי טאַנצט מיט געשלאָסענע אויגן.

מיין האַרץ שלאָגט גלייביק
און ווייסט נישט פון די הימלען.

*

מיין באַוווסטזיין ציטערט:
פֿאַר אַ רעגנדיקן שטויב,
פֿאַר דער שיינקייט פֿון אַ מויער,
פֿאַר אָפֿענע מיילער פֿון פֿריינד,
פֿאַר אַ נישט־פֿאַרענדיקטער סקולפּטור,
פֿאַר עקסטאַז פֿון געבעט.

מיין באַוווסטזיין ציטערט
ווען אַ קרייז ווערט איבערגעריסן,
ווי אַ פֿאָדעם.

# פ אַ ר פ ר ו י ר ן

ווי אַ פאַרביקן חלום
וועט מיך איינזאַפּן די שטילקייט פון חלל.
דער ווינט וועט מיך טראָגן צו שטיינער,
פאַרוואַנדלען דעם חלום אין ביינער.
דערנאָך וועלן קומען אַרכעאָלאָגן.
זיי וועלן מיך פאָרשן און זאָגן:
אַ פאַרביקער חלום פון אַ וועלט,
פאַרפרוירן פון אַ קאָסמישער קעלט.

## אונטער דיינע טריט

אונטער דיינע טריט קרייזט די ערד.
דו הערסט:
זי הוידעט אויף אַלע וועגן,
נאָר קיינער קומט דיר נישט אַנטקעגן.

די טראָפּנס טוי
אויף פעלדער
ליגן בלוילעך־גרוי
און מיין קאָפּ איז געבויגן,
און פאַרשעמט זענען מיינע אויגן.

איידער דער ווינט גייט פאַרביי
און לערנט מיך לויטערע רייד,
און לערנט מיך זיין באַגלייבט.

## פאַרשוועכטע ווערטער

איינגעזאַמלטע ווערטער
ליגן אין טיפֿן פון זכרון
ווי אין קאַטאַקאָמבן,
קומען אויף
אין לויף פון די יאָרן
און זאָגן:
— אין דיר מיר וועלן בלייבן —
דער דרויסן אונדז שרעקט.

ווען דער טאָג פאַרגייט,
רוען די פייגל
אויף טעלעגראַף־דראָטן.
זיי הערן פאַרשוועכטע ווערטער.

## יעדער וואָרט

יעדער וואָרט איז אַן אָנהייב,
יעדע שורה — אַ פּרוּוו
אין אומבאַקאַנטן וועג פון דורשט,
און דאָס איז גליק.

דער בלינדער הויל פון אָנהייב
ווערט נישט פאַרפולט.
די וועלט בלייבט יונג,
געבערט דעם ווילן פון באַשאַף,
פון ערשטע שאָרכיקע געפילן —
אָפּגעריסענע פון באַשייד.

## אַ לײדיק בלאַט

ווער זינגט פאַר דעם לײדיקן בלאַט ?
געבוירן איבער אַ טײך פון בילדער —
איך דערווײטער זיך מיט שטילע טריט
פון מײן אײגענעם איך.
זילבן פון אויסגעשטערנטן הימל,
צײכנס פון אַ פאַרשווונדענער וועלט,
שטראָמען פון אַ צעקאַליעטשעטער צײט —
און אַלץ ווערט פאַרזונקען אינעם טײך.
מיט גרינע צווײַגן אַרומגענומען
די גרינע גרונטן אָנגעקומען —
אַלע בילדער זענען גלײַביק.

איך דערווײטער זיך פון מײן אײגענעם איך :
דער לײדיקער בלאַט איז אײביק.

## בין־השמשות

אין בין־השמשות
איז שטאַרק מיין באַגער.
אין די האַרבסטעג
ליגט דער הימל אַ צעהאַלבטער.

איך אייל זיך נישט.
דויער, פאַרלענגער דיין זיין!
דויער, אויפן ראַנד פונעם טאָג
ווער נישט פאַרמינערט!

## מיינע יאָרן

קיינער האָט נישט געפּייערט מיינע יאָרן.
אויסגעברענט האָט זיי די צייט.
זיי האָבן געטליעט צווישן חרובע מויערן,
נישט באַמערקטע פון גאָט און פון לייט.

מיטן זעלבן ריטעם צעבלאָזט דער ווינט
די לעצטע פונקען פון היינט
און דערמאָנט דאָס וואָס בינדט
אַן אָפּגעריסן בלעטל מיט דער צייט.

פאַר העלען

*

כ׳באַוועג זיך
אָן מידקייט
אָן שרעק.
געקרייצט דעם וועג
מיטן פריערדיקן,
כ׳זע פלוצעם
דעם מענטש
אין באַוועג,
אין שוואַרצן הוט
מיט ליפּן קאַלטע
רייסט זיך דורכן וואַלד
צווישן טונקעלע וועגן
מיט שווייס אויפן שטערן,
טראָגט
אַ בלומענקראַנץ
אויסגעווייקט פון טרערן,
פון זיין געשמאַק,
האַלט אין דער האַנט
און דרוקט זיין גורל.

*

דער רעגן אין מיין האַרץ
באַפרוכפּערט די ערד
פון העלדישן ברודער־קבר,
און פילפאַרביקע גראָזן
וואַקסן, וואָס צייט און שטורעם
האָבן איבער זיי נישט קיין שליטה.

## וואָס איז אַ ליד?

וואָס איז אַ ליד?
געמיש פון צאָרן און געזאַנג,
וואָס ווערט פון די טיפן געהערט
ביים געבורט און פאַרגאַנג —
געבונדן מיט זיין אויף דער ערד.

מיטן ברענענדיקן פלאַם
שטיי איך פאַרצאַפּלט, פאַרשטילט,
אַ געגערטער מיט האָניק און סם —
און די שטערן — אין אָרעאָלן געהילט.

## נישט געזעטיקט

נישט געזעטיקט מיטן ערשטן בליק —
זוכסטו אין פעלד נאָך אַ שניט.
דיין פּנים ווערט אַלט
ווען דער ווינט
טרייסלט דיין געשטאַלט.

אין אָפּהילך פון האַסטיקע טריט
ברענגסטו דעם קרבן —
אַלץ וואָס האָסט דערוואָרבן.
און ווען פון דאָס ניי אַנטדעקסט די ערד —
צי וואָלסטו פון איר אינגעווייד
די היץ פון די נעכטנס באַשיידט.

*

דאָס לעבן, געבוירן מיט דער צייט,
בלייבט פון איר נישט צעשיידט.

פון אַלע וועגן און יאָרן —
שאַפסט דיין וועלט אין זכרון.

זיפסט דורך אַלץ וואָס די ערד צייטיקט
אויך ווען די גרעזלעך וויקלען זיך פאַר ווייטיק.

אויף דער שויס פון דער נאַטור
זיין און נישט זיין איז די וואָר.

אין לאַבירינט פון דער ערד —
דער לאַנגער שלאָף האָט איר ווערט.

*

דעם עליקסיר פון לעבן
מוזסטו אויסטרינקען אַליין —
און איבערלעבן
ווו דור־איין דור־אויס
געפאַנגען אין שפּיל
בלייבן אין בילד בלויז.

צעאַקערט פון צייט
די אייביקע שפּיל
אין שלייער פאַרגייט.

אין שאָטן פון זונפאַרגאַנג
פון פאַרנאַכטיקן געשטאַלט
ווען ס׳פאַלט לעצטער קלאַנג.

## מיין האַרץ

מיין האַרץ —
ווי אַ בוים איז פול
מיט גראַנאַטן
רויטע ווי בלוט.

צווייגן, אויסגעשטרעקטע הענט —
איר וואָלט מיר העלפן געקענט
אָפּרייסן די גראַנאַטן פון בוים
און זיי זאָלן פאַלן
ביזן סאַמע זוים.

# אַ לעבן צאַנקט

אַ לעבן צאַנקט און וועבט חלומות
און נענטערט זיך צום גרונט פון שלימות,
און מיידן וויל אַ יעדן שאָרך,
און וואַקסן בלויז אין דעם געהאָרך,
ווי אין דער ערד אַ שוואַרצער וואָרעם,
וואָס גייט אַרום דעם בוימס אַ פאָרעם,
ווי באַרג־אַרום — די בלויע לופט —
און אָטעמט דורך בלומען־דופט.

נישט קומען אין דעם הויז, דעם שיינעם,
וואָס איז פאַר אַלעמען און קיינעם,
נאָר ווערן איינס מיט גרינער ערד,
און פונקט ווי זי — נישט זיין דערהערט,
און ווי אין פעלד דער שטאָלצער בוים —
פאַרבלייבן אין רשות פון תהום.

## דער לעצטער פּסק

ווער זאָלסט נישט זיין
און וואָס זאָלסט נישט ווערן —
ביזן אויפבליץ מוזסטו בלייבן
אין שאָטן פון זון און שטערן.

עס פלאַטערט
גענערט פון אייגענעם שטאַם
דיין נישט־געוואָרנקייט,
נישטערט אין זיין און אין ווערן
און זוכט דעם לעצטן פּסק
צו זיין דער קרבן.

*

הונדערט שטערן וועלן בליצן
און פאַר די אויגן בלענדן,
אַ שטערנוווּנק וועט באַשיצן —
די שיין פאַרווענדן.

פון באַשאַף די וועלט איז אָן אַ שם,
נישטער ווו די ווילסט
אַלץ איז חילול־השם —
פאַרשטייי דעם ספינקס.

צווישן דיינע פריינד
ער שיינט ווי אַלע זונען —
מיט זיין באַשייד
ער וועט צו יעדן קומען.

זיין באַוועג איז פאַרגרימירט,
אַנטלויפט און קומט פאַרבאָרגן.
ווי אַ בלינדער דעם וועג דערשפּירט
מיט אַ ווייסן שטעקן און זאָגט — גוט מאָרגן.

*

דו ביסט צי דו ביסט נישט?
גלייבן אין דיר, צי צווייפלען?
ווער און וואָס זאָלסט נישט זיין —
אפילו נישט מער,
ווי דער לבנה־אָפּשפּיגל פון אַ ווינטערדיקן פּייזאַזש,
אַ טויטער בוים מיט סטאַרטשענדיקע צווייגן,
אפילו נישט מער,
ווי אַ וואָרעם איינגעביסן אין נעכטן —
אַנטפּלעקט זיך פאַר מיר
ווען באַפאַלן איך ווער
פון אומרו.

## דער ענטפער

ווען מיר קומען צום געגאַרטן אָרט
וואָס האָט געדאַרפט אַנדערש זיין,
ווייסן מיר נישט וואָס צו זאָגן.

ווו איז פאַרווירקלעכט דער שפּאַס
פון אַן ערד־ציטערניש?

געבליבן איז אַ ריס אין דער ערד.
פון אַלע זייטן
פאַלט אַלץ אין אָפּגרונט
פון אונדזער צוקונפט.

און ווען עמעצער פרעגט —
ער באַקומט דעם ענטפער
ביים קוקן אין די טיפן.

## דאָס שטילע וואַסער

דאָס שטילע וואַסער אויף דער אייבערפלאַך
שלאָגט אָפּ דאָס בלאָע זייד פונעם טייך
און פאַרבלענדט אין שפּיגל דאָס אויג.
אָנגעלאָדן מיט שטילקייט
די וואַסערשויב צעפּלאַצט —
פון די טראָפּנס ווערט אַ שטראָם.
מיט אים יאָגן די פיש פון די טיפן
צום אייגענעם דויער
און ווערן איינגעזויגן
אין שטילקייט פון דער נאַטור.

*

אין געזוכטן וועג אין גיין
זעסט אַ צוויט
אויסגעוואַקסן פון אַ שטיין —
ער בליט.
איינגעפּאַסט ווי אַ בריליאַנט
לייכט דער צוויט
דורך אַ הוילער וואַנט
און איינזאַם זיך צעבליט.
פאַרשפּאַרט צווישן שטיינער
אין אַ פרעמד לאַנד
אויפן וועג זעט אים קיינער.
געבליבן איז אַ וואַנט.

# אין אַ פרימאָרגן

אין אַ פרימאָרגן,
ביים אויפשטיין פון דער זון,
אין יונגע הענט
האָבן מיר וועסלעס געהאַלטן.
אויף דער אייבערפלאַך פונעם טייך
האָט אַ שיפל
אונדז געטראָגן אין דער ווייט.
היינט זע איך דעם טייך
אין דער זון וואָס פאַרגייט.

אויפן האָריזאָנט
פאַרשווינדט שוין דער ברעג.

## אָפּגענאַרטע בלעטער

פאַרגלייבטע אין אייביקייט פון זומער
וואַלגערן זיך
אָפּגענאַרטע בלעטער
צו פוסנס פון די ביימער.
דער ווינט פאַרשאַרט בלאַט נאָך בלאַט.
די מידע ערד
וועט זיי צודעקן אויף אייביק.

*

אינעם וואַלד ביסט געבוירן, דערצויגן —
און צו דיר, בוים, איך ווענד מיינע אויגן.

פון די מענטשן איך לויף צו דיין שאָטן
און אין דיר נאָר איך וויל זיין געראָטן.

איך אַנטלויף פון די אויגן אין לויער
און מיט דיר וויל איך זיין אין דיין טרויער.

אָ געטרייע פון אַלע געטרייסטע!
נעם מיך צו פון די מענטשן די דרייסטע.

ווי אַ בוים אין דיין וואַלד וויל איך ווערן,
און ווי דו — בלויז דעם ווינט וועל איך הערן.

ווען די צייט פון שקיעה וועט קומען —
אונדזער פריינדשאַפט וועט האָבן אַ נאָמען.

## אין וואַלד

פאַרטליעט עס האָט אונדז אין וואַלד
דער שאָטן פון ביימער און צווייגן,
און גליקלעך אין זייער געהאַלדז —
מיר האָבן געליבט זיך אין שווייגן.

אַ שנעלער, אַ קילער, אַ וואַלדווינט,
געהאָלפן די פייגל האָט זינגען.
מיר האָבן פאַרגעסן די זינד
און גוט איז געווען אונדז אין זינגען.

פאַר נאַכט האָט אַן עכאָ פון וואַלד
גענומען די פייגל דערשרעקן.
מיר האָבן דערפילט אַז ס׳איז קאַלט —
און איך האָב געפרווט דיך פאַרדעקן.

*

דער יונגער, דער אייביקער ווינט,
רעדט־צו, רעדט־צו נאָך צו זינד.

נאָר מער איז נישט שולט זיין שטורעם,
וואָס האָט דיר דיין יוגנט געפורעמט.

ער האָט אויף אַ ווייל דיך פאַרהילט —
ווי ער וואָלט איצט זיך שולדיק דערפילט...

## דער הימל איז אויסגעשפּרייט

דער הימל איז אויסגעשפּרייט.
אויפן מערב פרירן די וואָלקנס,
איינגעפּאַסטע,
אין בלוטיקן אַמאַראַנט
פון רויט גאָלד.
דער רויך איבער דער שטאָט
שווימט אין שוים
ווי איבער אַן איינזייטיקן טייך —
און דעריאָגט דעם שטורעם.

## אומגעדולד

אין יעדער שעה דער בלוי ווערט בלויער,
די זון ביים שטילן פֿאַרגיין
שפּיגלט זיך אין קיילעכדיקע קראַטערס.
איבער בערגפֿעלדזן
הייבן זיך
די שאָטנס פֿון די גריבער.
די ערד ציטערט פֿון אומגעדולד.

דער בלוי ווערט בלויער.
שטילער שלאָגט דאָס האַרץ,
ווען די מערב־זייט פֿונעם באַרג
ליגט אונטער די פֿליגל
פֿונעם אָדלערס הערשאַפֿט.

## אַ פוסטער חלום

דער טומאַן פון יונגע טעג
פאַלט צו די פיס.
דער סטעפּ איז גרויס און וויסט.

דער טומאַן ווערט אַ שפּיגל
פאַר יונגע טעג.

אַ פוסטער חלום.
אויף אַלטע ביימער
פאַלט אַ שטויב.

## שטערן שטאַרבן

שטערן שטאַרבן אין בליציקן ליכט.
דער ריטעם וואַקסט שיכט אין שיכט.
סימבאָלן פאַלן אין רוים
און געפינען זיך קוים.
אַ כוואַליע די אַנדערע שווענקט.
הער, אַ ניגון הענגט,
אָט פאַלט ער אויף מיין דאַך,
די לבנה וואַכט איבער פאַלנדיקע שטערן.

אַלץ געשעט אין ווערן.

# נ אַ כ ט

די נאַכט פֿאַרבלענדט די האָפֿענונג.
די שטערן ציטערן דורך די שויבן.
די ערד עפֿנט איר מויל
און פֿאַרשלינגט די פֿאַרוויאַנעטע בלעטער.
דער ווינט זוכט די מענטשן
און געפֿינט די פֿליגל פֿון אַ מיל.
אונטער אַ טונקל־אַזוריקן איריס
באַהאַלט אַ מלאך די אויגן
און די טרער, וואָס שפּיגלט
אַ וועלט מיט שאָטנס.

מאָנפּאַרנאַס — קאַפֿע פֿלאָר

**פאַר פּאָל און ראָלאַנד**

*

יאָרן וועלן פאַרביי.
אַן אַנדער וועלט.
נייע מענטשן
וועלן אָפּשאַפן פריערדיקע געזעצן,
אומוואַרפן אַלטע מויערן.
דיין הויז וועט בלייבן.
אַלץ וועט זיין ווי געווען:
דער אַלטער שרייבטיש,
דער שאָטן פון די הענט
איבערן ווייסן פּאַפּיר־בויגן —
דאָס בילד פון דיין טאַטן איינגעבויגן.

## אין קאַלטער פרעמד

דערוואַכן אין פרימאָרגן אַריינגעוועבט
חלומות אויף וועגן געבוירענע,
אויף מזבחות פון פעלדער
לויפן אין פארשכורטן קרייז.
אויף יענער זייט שוועל
דער הימל אָן אַ בלויז
האָט אויסגעזען העל
און דורכגעזיפּט די שיין.
אַנטלאָפן זענען די ווערטער
אין רויען פיין מיט אַ געוויין
אין קאַלטער פרעמד.
דער חלום האָט אָפּגענאַרט —
פאַראיינזאַמט און פאַרפרעמדט.

## דער רוים

דער שאָטן פון היכל פֿאַרנעמט דעם רוים.
פון וועלטבאַשאַף הויערט
דאָס לעבן אין פּאַנאָראַמעס פון צוים,
אין שימערדיקן געוועב פון צייט־געדויער.

דורך איר געלענד גייט דער וועג
און די ווייסקייט אין טאָג צעקלינגט
דעם כאַאָס פון איינגעזאַמלטן פֿאַרמעג
ביז דער צייכן ווינקט.

פֿאַרגעסן אין פרימאָרגן די האַנט
וואָס ס'פֿאַרנעמט געראָטן
אויפן בלויען ראַנד
פון שטח דער שאָטן.

און דאָס אויג זעט דעם ליידיקן רוים
פון ווייטן האָריזאָנט פֿאַרטראַכט,
ווי אין וואַלד דער בוים
אין שטילקייט וואַכט.

## מיט זיך אַליין

אין אַנגסט פון זיין
מיט זיך אַליין,
קומט אויף די פיין
פון אָנפאַנג אין זיין.

געדאַנקען יאָגן
אויף אָפּגרונדן פאַרטראָגן,
פון נעכט און פאַרטאָגן
און גורל פאָרויסזאָגן.

נאָר דו אין שוויגן ווייסט —
אַלץ איז גייסט,
ווען פאַראייניזאַמט בלייבסט
ווי אַ בילד אויף אַ שטיין.

## ביאָגראַפישע נאָטיץ

חיים קעניגער, געבוירן אין וואַרשע דעם 17־טן אויגוסט 1917 אין אַ משפּחה פון פרומע עלטערן. באַקומט טראַדיציאָנעלע דערציאונג און אין דער גמינע־שול — וועלטלעכע בילדונג.

באַטייליקט זיך מיט דערציילונגען אין דער קינדער־צייטונג „מאַלי פּשעגלאָנד" — אין דער פּוילישער שפּראַך.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה פאַרלאָזט וואַרשע און אויף דער סאָוויעטישער טעריטאָריע ווערט ער פאַרשיקט אין אַ לאַגער ביי אַרכאַנגעלסק, וווּ ער באַקענט זיך מיטן שרייבער משה גראָסמאַן.

אין לאַגער הייבט ער אָן צו שרייבן לידער.

נאָך דער מלחמה, קערט זיך קעניגער צוריק קיין פּוילן און דורך שוועדן, וווהין ער קומט אומלעגאַל, וואַנדערט ער אויס קיין פראַנקרייך און באַזעצט זיך אויף שטענדיק אין פּאַריז.

די לידער פון חיים קעניגער ווערן געדרוקט אין פאַרשיידענע ליטעראַרישע זשורנאַלן.

טייל לידער זענען געוואָרן איבערגעזעצט אין פּויליש דורך באַקאַנטע דיכטערס און צום ליד „דער שאָטן", וואָס איז געווידמעט דער געטאָ האָט דער פּוילישער קאָמפּאָזיטאָר טורסקי געשאַפן מוזיק און עס אויסגעפירט אין דער וראָצלאַווער פילהאַרמאָניע.

## אינהאַלט:

## דאַנק-אויסדרוקן:

מיין אויפריכטיקע אנערקענונג דעם דרוקער שמואל ליכטענשטיין פאַר זיין עסטעטישער הילף ביים אַרויסגעבן דאָס בוך.

אַ באַזונדערן דאַנק דעם עסייאיסט דר. נח גריס פאַר זיין דידאַקטישע קאָרעקטור-אַרבעט.

אַ ספּעציעלן ליב דעם פריינד יצחק ניבאָרסקי.